# אינהאלט

און אפילע פּאר געלט
וועט קיין האָניק ניט קויפן.

פאר געלט ניט אין מארק,
אין קיין קלייט וועט ניט קריגן, —
זאָל מען זען אים א טויטן,
ווען ער שווערט זיך אפ ליגן!

אפן בוידעם — א דאך,
און אפן דאך פליען טויבן,
ווער ס'וויל, קאָן דעם בער
און זיין שוועע אים גלויבן.



געשענקט זיי, געגעבנ
אונ געדאנקט פארנ היילנ,
אונ גענומענ אליינ זיי
דעמ האָניק צעטיילנ.

אונ אליינ האָט פארגינענ,
געקוקט אָנ שומ קינע,
ווי ס׳רינט בא די בערנ
פונ מייַלער די סלינע,

ווי זיי שלינגענ אונ קייַענ
דעמ סטעלניק דעמ זיסנ, —
זאָל זייַנ צו געזונט זיי,
צומ העכטנ געניסנ!

אונ געטאָנ האָט נאָכ מער,
אונ א וואָרט האָט געגעבנ,
אונ דערקלערט האָט א טאָנע
אפ יאָרנ, אפ זיבנ.

אונ ער האָט געשווירנ:
פונ הייַנט אונ אפ ווייַטער,
וועט לעבנ נאָר פיסנע,
פונ גראָזנ אונ קרייַטער.

אונ פונ בינשטאָק אונ בינע

דאָס אויג אים צו היילנ
אונטערגענומענ.

אייצעס, מיט מיטלענ
פארשיידענע זאכנ,
צום אלעמ, צום ערשטנ
מפרעסנ אים מאכנ.

מפרעסנ אים לייגנ,
זאלב אים באשמירנ,
נאָכ אים פארבינדנ
פארבאנדאזשירנ.

ועלעכ, פאמעלעכ,
אידעלע פינגער,—
בער אפנ אָרט שוינ
אָרנ גלייכ גרינגער.

בער, פאר באלוינונג
יענע קאָמפרעסנ,
ט בערנ דעמ האָניק
עבנ צומ פרעסנ,

יענעמ, צו וועלכנ
בוימ איז געקראָכנ
גיפטיק פונ בינענ

ווער ס'קאָן נאָר, דער זאָל אים
פון ווייטעק באפרײַען.

ער צאָלט מיטן בעסטן,
מיט אל זײַן פארמעגן:
מיט טיפקײַט פון וואלד
און מיט בערישע שטעגן;

מיט ווילד און געיעג,
און מיט יאגעדעס, שוואָמען,
מיט קוואלן פארשטעלט
און באהאלטענע שטראָמען;

מיט אלץ, וואָס ער האָט
און ער טוט נאָר פארמאָגן,
אבי נאָר דאָס אויג אים
זאָל אופהערן טראָגן.

זאָל אופהערן ווײ טאָן,
געזונט זאָל אים ווערן, —
ווער אויערן האָט נאָר,
דער זאָל אים דערהערן.



האָבן בערן דערהערט

ון גענומען זיך דרייען
רום זיך א האַלבּ־בּלינדער,
עמיינט, פון געדריי
ערט דער וויטעק אים לינדער.

אָר ס'האָט ניט געהאָלפן,
יט בּעסער געוואָרן,
אָט בער זיך צעבּייזערט
ון אַרײַן איז אין צאָרן.

ון געשטעלט זיך אַף צוויי,
פ די הינטערשטע לאַפּעס,
ון גערעוועט אזוי,
לײַך דער גאָרגל אים קנאַפּ איז.

ערעוועט מיט קוילעס
ון גוואַלדיק געשריגן,
ײַן קאָל האָט אליין זיך
אַן איבּערגעשטיגן.

עשריגן פאר וויטעק
ון אויך פאר בּיזיען,
ז פון בּיס פון א בּין
אָל א בּער דאַרפן וויען.

ון ווײַטער, און נאָך
אָט ניט אויפגעהערט שרייען:

ער שליסט זיי, פארמאכט זי
אונ האלט. זיי אינ שטילנ,
ווייַל אהינצו אמערסטנ
די בינענ זיך צילנ.

2

אזוי איז קעסיידער,
נאָר הייַנט האָט געטראָפנ:
דער בער האָט אנ אויג זייַנ
געהאלטנ גראָד אָפנ.

איז אריַינ אימ א בינ
אונ איר גיפט אָפּגעלאָזנ,
איז געוואָרנ דאָס אויג אימ
פארשוואָלנ, פארבלאַזנ.

אונ גלייַך נאָך דער ערשטע
איז א צווייטע געקומענ,
אונ אפ זעלביקנ אָרט
האָט זיך פּאָרפּלענ גענומענ.

אונ אזוי אימ דערלאנגט,
אונ אזוי אימ צעשטאָכנ,
אז בער איז פונ בוימ קאמ

געקראָכנ אָנ לעפל
אונ אָנ א פּאָלאָנעק.

מיט הענט נאָר מיט הוילע
אריַינ איז אינ בינשטאָק,
...וי יענער, דער כאַזער,
מיט מאָרדע אינ רינשטאָק.

אונ געפּאַקט האָט ער סטעלניק
א פּיַידע צום פּרעסנ,
ער האָט אזש פונ זיסקיַיט
אינ בינענ פאַרגעסנ.

איז אים דאַנ באַפאַלנ
די מאכנע, די בינענ,
מיט גוואַלדיקנ קאָס
אונ מיט גיפטיקסטנ זינענ,

אונ געוואָלט אים אָפּ שטיקער,
...וענ מעגלעכ, צערייַסנ,
...עמ בער אָבער שאַדט נישט
...אָס בינישע בייַסנ.

...יַינ הויט נישט, זיַינ קערפּער,
...אָר קאָפּ טוט ער בויגנ
...ונ זעענ זעט שיצנ



# אבער האט געשו

1

איז א בער אפ א בוימ
אָנ א לייטער געקראָכנ...
אונ וואָס? האָט זײַנ לאפּע
מיט עפּעס פארשטאָכנ?

אוי, ניינ, ניט זײַנ לאפּע...

ס'האָט זיך אויסגעבאָדנ פריש
אונ די ביטער־זאַלצ שפּײַט אויס,
אונ פונ רוקנ פונ דעלפינ
גייט אפ ברעג צוריק ארויס.

אונ צומ שטיבל פונעמ ברעג
גייט אליינ שוינ מיט די פיס,
אונ פונ ביטערניש אינ מויל
וויל שוינ ווידער, ווידער זיס.

עסט דאָס צוקער שוינ מיט טאמ,
מיט האנאָע — ווידער קרעמ.
שטייט דאָס שטיבעלע באמ יאמ,
וווינט דאָס קינדעלע אינ דעמ.

וווינט דאָס, וווינט דאָס אדאיאָמ,
אונ סע באָדט זיך מיט דעלפינ...
ער סע וויל אמאָל דאָס זענ,
קאָנ איך פירנ אימ אהינ.



עפנט ס׳מײַלעכל פאר שרעק
און געזאלצנס טוט א זופּ.

און פארכלינעט זיך ביז האלדז
און קײנ אָטעמ האָט דאָס ניט,
און סע פאלט שיר ניט אראָפּ
אינ דעמ סאמע יאמ, אינ מיט.

דעמלט שרײַט עס, שרײַט געװא
„אוי, דעלפינעלע, דעלפינ!..
ס׳איז מיר באָדנ זיך גענוג,
פיר מיכ אָפּ צוריק אהינ.

פיר מיכ אָפּ צוריק צומ ברעג,
װוּ גענומענ דו מיכ האָסט,
כ׳האָב מײַנ שטיבעלע אלײנ,
אפנ ברעג אלײנ געלאָזט.

און כ׳האָב ביטער־זאלצ אינ מױ
פונ דער װאסער ז׳מיר ניט גוט...
טוט דעלפינעלע אזוי
און באַגער פונ קינדל טוט.

און ער שװימט דערמיט צומ בר
און ער פירט דאָס אָפּ צוריק,
איז אינ אויגנ בא דעמ קינד

לגט דאָס קינד אונ טוט אזוי...
ט דעלפינ מיט עק א מאכ
אינ וואסער אונ אינ יאמ
ט א שפיל אונ טוט א לאכ.

ט א שפיל אונ טוט א שווימ,
אינ יאמ איז ער שוינ ווײַט,
דאָס קינדל, ווי ס'איז גרויס,
זײַנ רוקנ ליגט אונ רײַט.

ב דעלפינ דאָכ אָבער ניט
ב וואסער לאנג ניט זײַנ,
ט א שפיל אונ טוט א שטיפ
אינ וואסער טוקט זיכ אײַנ.

ב מאָל, צוויי מאָל, נאָכאמאָל
רט זיכ איבער, מאכט א ראָד
פארגעסט גאָר בעשאס דעמ,
א קינד אפ רוקנ האָט.

עקט זיכ קינד אונ דרייט זיכ מיט,
ב דער אָטעמ דעמ פארכאפט,
ב פונ קונצנ פונ דעלפינס
וארק דאָס הערצל בא דעמ קלאפט.

ב אינ וואסער ס'טוט א פוץ,
ט אינ וואסער [illegible]

ווי סע ווענדט זיכ,—טרעפט נאָר
צוקער־זיס אפ יעדער שפּאנ.

ווילט זיכ אנדערש עפּעס דעמ,
נאָכ געזאַלצנס זיכ פאַרבענקט,
וואָס־ניט־איז, אבי ניט זיס,
ווענ מע גיט דעמ, ווענ מע ברענ

קיינער ברענגט דעמ אָבער ניט,
קיינער קומט אריינ צומ קינד,
אויכ פונ יאמ אהינ פאַרבלאָזט
קיינ געזאַלצענער ניט ווינט.

שטייט דאָס, קוקט דאָס אפנ ברע
צו דער וואסער ווייט אהינ.
קומט צו שווימענ, זעט, פונ יאמ
קומט צו שווימענ א דעלפינ.

זאָגט דעלפינ צומ קינד אזוי:
„מאכמעס, קינד, דו ביסט אליינ,
אָנ א ניאנקע, אָנ אנ אמ,
קאָנסט מיט מיר זיכ באָדנ גייג.

קומ נאָר, זעצ זיכ מיר אפ האלדז
נעמ ארומ מיכ זייער שטאַרק,
האלט זיכ גוט אונ האלט זיכ פע



# א שטיבעלע באמ יאמ

שטייט א שטיבעלע באמ יאמ
פונ צוקערקעס אונ פונ קרעמ,
ווינט א קינדעלע א קליינס,
א קליינ קינדעלע אינ דעמ.

עסט דאָס צוקער, עסט נאָר זיס
אונ קיינ אנדערש קיינ שום זאכ,—
אַז די ווענטלעכ פונ קרעמ,
פונ צוקערקעס איז דער דאכ.

פונ קאמיש־ברויט איז דער דיל,

ליגט מיט קעפּל בא די פיס,
און עס כאָלעמט זיך איר זיס,
אז ארום איר אין א קרײַז
דרייען צענדליקער זיך מײַז,
גייען אום, שפּאַצירן פרײַ,
און די קאַץ איז זיי געטרײַ,
און א מאמע איז זי זיי:
„דרייט זיך, קינדער, א געדריי
ארום מאמע, ארום זיך
מיט די שטילע קינדער־שיך...
זינגט א ליד מיר לידער־לײַ:
אונדזער קעצל איז פאַרבײַ,
ליגט זי קראַנק מיט קאָפּ בא פי
און עס כאָלעמט זיך איר זיס:
מיזל־מיזל, מײַזל־מויז,
אזש דאָס כײַעס גייט איר אויס.



איך דערזע דאָס אָבער דאָך,
טו דאָס ווידער באַלד א כאַפּ,
מיטן לאַפּקעלע א דראַפּ,
און איך האָב עס באַלד צוריק —
ס'אַראַ שפּיל און ס'אַנ אַנטיק!
אָט אַזוי, אַזוי טראַכט קאַץ
אַף איר זיצ-אָרט, אַף איר פּלאַץ.
און דאָס מײַזל זעט דאָס גוט
און קיין טראָטעלע ניט טוט,
כאַפּט פון לאָך נאָר ווען א קוק
און סע גיט זיך באַלד א רוק
אַף צוריק אין לאָך אַרײַן
און פאַרשטעלט זיך פאַר דער שײַן.

זעט די קאַץ, ס'וועט גאָרניט זײַן,
שלאָפט-זי שטיל, פאַמעלעך אײַן,
און סע כאָלעמט זיך איר לאַנג,
אַז בעסאַכאַקל איז זי קראַנק,
אַז בעסאַכאַקל איז זי מיד,
אַז קיין מײַז נאָר פאַנגט זי ניט,
ווען מויז אַפּילע וויל אַליין,—
אַז זי האָט גאָר ניט קיין ציין,
אַז קיין נעגל, אַז קיין זאַך, —

ס׳וואָלט געווען א לעבן דאָך!
כ׳וואָלט געכאפּט עס: צאפּ־צאר
מיט די לאפּקעלעך א דראפּ,
מיט די נעגעלעך א גלעט,
ניט געזאָגט און ניט גערעדט,
נאָר מיר בלײַבן ביידע שטיל,
און עס הייבט זיך אָן די שפּיל:

איך פארקוק זיך, — זי אוועק,
איך פארלויף איר באַלד דעם וו
קער זי אום צוריק צו זיך
און פארשפּאָר איר רײַסן שיך...
און מיר ווידער בלײַבן שטיל,
און מיר זעצן פאָר די שפּיל:
איך פארקערעווע דעם קאָפּ,
אין א זײַט כ׳גיי קלוימערשט אָ
קלוימערשט ס׳גייט מיר גאָרניט
וואָס דאָס מײַזל קלײַבט זיך טאָ

און דאָס מײַזל מײַנס דערווײַל
טוט א לויף און טוט אַן אײַל,
רוקט ארויס זיך פון מײַן קרײַ
שטילערהייט און ביסלעכווײַז;



# צ און מויז

א ליד, א לידער־לייַ:
ער קעצל איז פארבייַ,
ער קאַץ איז שוין א וואָך,
ווארט די מויז פון לאָך,
און שפירט, און מויז נישט קומט,
זי שטיל און שווייַגט און שטומט,
רט, קוקט די אויגן אויס,
זעט די לאָך נאָר בלויז.

די קאַץ זיך שטיל און טראַכט,
פלענער זי זיך מאַכט:

מיר לויפֿן אים נאָך,
ווײַל מיר ווילן אויך זען,
וואָס אין צווייטן, אין הויף
מיט טראָצקיסטל וועט געשען.

ווי ער קומט פֿארגרימירט
אונדז אַף רויב און אַף מאָרד,
און ווי קאָזעקל־רויט
וועט אים טויטן אויך דאָרט.



ין מ׳טוט אים אַן קאָוועד —
פּ אים אזא יאָר!

ינעמט אים א טויטן
אר קאָפּ און פאר פיס.
ין מ׳טוט אים זײַן רעכט,
ר מ׳טוט א טראָצקיסט.

טראָגט אים א ווײַלע,
ין באלד שוין דערנאָך —
שלײַדערט אראָפּ אים
ין שטיבלשער לאָך.

ן לאָך איז געקומען,
ן לאָך זאָל ער גיין,
ן זאָל דער טראָצקיסט זיך
גראָבן אליין.

ן שוין, און געענדיקט,
שפּיל איז דאָן אויס,
ן שטיבלשע ווענטלעך
ייכט שפּילער ארויס.

רנעמט זײַן געצעלט
ן פארלאָזט אונדזער הויף,
ן ווייטער פון הינטער

צי גאָר מארצעפּאנעס?
צי פּוטער מיט ברויט?״
און ס׳ענטפערן קינדער:
„ניין, ס׳קומט דערפאר — טויט

און קאָזעקל דעמלט
צום רוכל זיך נעמט
און שלאָגט שוין מיט שטעקנ
און ניט מיט די הענט.

ער שלאָגט אים און שלאָגט א
און הערט גאָר ניט אויף,
ביז יענער דאָס קעפּל
פארווארפט שוין ארויף

און ליגט שוין א פּייגער,
אָן אָטעם און טויט,
ערשט דעמלט לאָזט אָפּ אים
דאָס קאָזעקל־רויט.

און קיינער באוויינט אים,
זיין טויט קיינעם ארט,
מ׳שטייט און מ׳קוקט נאָר,
מ׳שוויַגט און מ׳ווארט...

ביז ס׳ווייַזט זיך שפּעטער

ערבײַ טוט א זאָג
ן דערבײַ א געשריי:

ראָצקיסטל!.. דורך גרענעצ
האָט דיך געשיקט!..
האָט אָבער דײַן רײַזע
יר איצט ניט געגליקט.

ין איצט איז דײַן עק דיר,
ײַן סאָף איז דיר דאָ!
געקומען, טראָצקיסטל,
ײַן לעצטע דיר שאָ!"

ין קאָזעקל טוט דאָ
עם שטעקן א ריס
א דעם, וואָס געקומען
ונדז הארגענען איז.

ון פרעגט בא די קינדער:
איר, קינדער, ווי מיינט?
י האָט איר געהערט,
דער האָט איר געלייענט,

אָס קומט אזא איינעם,
אָס קומט אָט־אָ־דעם
אר זאכן אזוינע?

און ווער האָט געשיקט דיך?
און אליינ דו ווער ביסט?" —
און ס'פלאטערט דאָס רוכל
און שטאמלט: „טראָצקיסט...

מ'האָט מיך גערונגענ,
געקויפט מיך פאר געלט,
און מ'האָט מיך די גרענעצ
אריבערגעשטעלט.

מ'האָט מיך פארשטעלט
און מ'האָט מיך גרימירט...
און מ'האָט מיך די גרענעצ
אריבערגעפירט.

און מ'האָט מיר געהייסנ,
אוי, קאָזעקל־רויט,
אי דיך מיט די קינדער
דערשלאָגנ צום טויט".

„אזוי גאָר! אזוי גאָר!" —
שרײַט קאָזעקל מײַנ,
און פאָרט גלײַך דעם רוכל
אינ מאָרדע ארײַנ.

מיט פויסטל מיט איינעם,

ט'וואָלט ערגעץ אנטלאָפן,
אָר ס'שטערן די ווענט.

ון מענטשל געפּאַקט זיך
והין האָט אין מיט —
ון קינדער דאָס זען
ון ליבן דאָס ניט.

ויַיל ס'זעט אויס אַ רוכל
ון בלאָטע ארויס,
ון אָנגעטאָן איז עס
ין שווארצן נאָר בלויז.

ון קאָזעקל ווענדט זיך
ון פרעגט בא אונדז דאן:
„ווער איז ער, ווי מיינט איר,
ער בלאָטיקער מאן?"

ון קינדער ניט ווייסן,
ון ענטפערן ניט,
וט קאָזעקל דעמלט
ום רוכל צוויי טריט.

ון זאָגט דעם: „איַ, זאָג נאָר:
ונוואנען, פון ווו?
וי קומסטו אהערצו,

און מענטשעלע הײַטער
נאָך פּראגנ קייגט פאָר,
מיר ענטפּערנ אלע
צוזאמענ אינ כאָר.

ס'פּרעגט צי מיר זײַנענ
אינ קריג ווענ געוועג,
צי האָבנ א שלאכט מיר
מיט סוינע געזענ.

מיר ענטפּערנ: „ניינ",
און דאָס מענטשל שרײַט א
און באלד פונעמ שטיבל
א צווייטס גייט ארויס.

א מענטשל א צווייטס
בא דער צווייטער זײַט ראנ
און מיטגעבראכט האָט עס
א שטעקנ אינ האנט.

און כאָטש מיט א שטעקנ,
דאָך ציטערט פאר שרעק,
און רוקט זיך ארונטער
צום ווענטלשנ עק.

סע רוקט זיך און ציטערט

מיר קוקן און גאפן
און גייען שיר אויס.

ווײַל זע נאָר, ווײַל הער נאָר:
סע לעבט און סע רעדט,
מיט העַנטלעך דאָס קעפּל
דאָס קליינע זיך גלעט.

און אָנגעטאָן איז עס,
ווי שיין, ס'ארא פּראכט:
די הייזעלעך זײַנען
פון סאמעט געמאכט. —

דאָס רעקעלע רויט
און די שטיוועלעך לאק,
און היטל אפ קעפּל, —
אן עכטער קאָזאק.

און מענטשל פארנייגט זיך
פאר אונדז מיט פאראד,
און רופט אפ א קאָל, ווי
א היימישער יאט.

סע רופט און סע ווענדט זיך
און פרעגן אונדז טוט:
„ווי גייט עס אײַך, קינדער?"
מיר שרייען דעם: „גוט!"

און עפּעס דאָרט טוט ער,
מיר ווייסן ניט וואָס,
ער לאָזט אונדז לאנג ווארטן,
נאָר מיר — אָן פארדראָס.

פארקערט, מיר צופרידן,
מיר דאנקען אים גרויס,
וואָס ער ט'זיך פארשטעלט דאָ
און מיר ווארטן אויס.

און אָט, נאָך א ביסל,
פון שטיבל פארשטעלט,
פון ווענטעלעך פיר
און פון שפּילער געצעלט

דערזעען מיר פּלוצעם,
אוי, זע נאָר, א זאך:
א מענטשעלע ווייזט זיך
אפ שטיבלשן דאך.

א מענטשל, א ליאלקע,
א פּיצל, א שנעק,
אפ פעדערשטן ווענטל
עס זעצט זיך אוועק.

אפ ראנד פונעם ווענטל



# אזעקל-רויט

דער ליאלקע־טעאטער
בא אונדז איז אינ הויפ!..
אוי, קינדער, א טומל,
א גרויס! אייַנגעלויפ.

שוינ אופגעשטעלט ווענטלעכ
די הויכע, די פיר,
אונ אָט איז א שטיבל
אָנ אייַנגאנג, אָנ טיר.

אהינ קומט דער שפילער
מיט ליאלקעס אריַינ,
מיר זעענ זייַנ שאָטנ

און לעסאָף האָט די פליגל
שוין קרום אויסגעשפּרייט.

און דער סאָף איז געווען,
און געווען איז דער סאָף,
ס'האָט רויבער באַקומען
זײַן ריכטיקע שטראָף.

דער שוואַן האָט געפּאַקט אים
באַם גאָרגל און פעסט,
אין טײַכל פאַרשלעפּט אים,
וואָס ווײַטער פון נעסט.

און דאָרט האָט געלאָזט אים
אין וואַסער אַליין,
אַפּ טײַכל ניט שווימען
און צו גרונט ניט צו גיין.

נאָר שלעפּן זיך אויבן
אין וואַסער צעוויקט,—
מיט פליגל צענומען
און קאָפּ אָנגעליגט...



און געפּאַקט אים אין מיט,
און פאַרשטעלט אים דעם וועג,
און געצוווּנגען צום קאַמף,
צום געפּעכט און געשלעג.

און יענער, אין אַנגסט,
אין געקלעם, אין געדראַנג.
די רויבערשע מיטלען
געלאָזט האָט אין גאַנג:

זײַן שנאָבל, וואָס קרום,
און די נעגל, וואָס שאַרף,
און אַלץ, וואָס צום קאַמף,
וואָס ער האָט און באַדאַרף.

נאָר ס'האָט ניט געהאָלפן,
ס'האָט גאָרניט געפּויעלט.
ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט
און שלעכט זיך פאַרקנוילט.

מיט נעגל געריסן,
מיט שנאָבל געקלאַפּט,
נאָר מער, ווי געגעבן,
אַליין האָט געכאַפּט.

ער האָט זיך געוואָרפן,

— ס'האָט פלוצעם פון נעסט
זיך דערהערט א געשריי,
א קאָל, ניט קיין קאָל,
א מין שרעקלעכער קריי.

א קריי פון דער מוטער...
ארויס איז דער שוואַן
פון טײַכל פון ערגעץ
מיט פויגלשן שפאַן,

מיט שווערן געהויב,
מיט פליגל־געמאַך,
ארופ איז ער באלד
איבער נעסטישן דאַך.

און דאָרט האָט געטראָפן,
באַם סאַמע, באַם פּיק,
ווען רויבער געוואָלט
האָט שוין כאַפּן צוריק,

געוואָלט שוין אוועק
און פארלאָזן זײַן רויב,
האָט שוואַן איבער אים

נאָר שלעכט האָט דערזענ
אונ אומזיסט האָט געקוועלט.

געמיינט, אַז אַ קאַטשקע
אַפ אייער דאָרט זיצט,
אונ רויבער האָט קרייַזנ
אינ לופט שוינ געקריצט.

אונ שטיל האָט געשוועבט ער,
ווי טאָמער ער טוט
פאַר רויבערשנ אָנפאַל,
פאַר סודע פונ בלוט.

געשוועבט אונ געצילט
אונ רעדער געמאַכט,
אונ אַפ דער לעצטער מינוט
האָט געדולדיק געוואַרט.

אונ מיט איינ מאָל אַ לאָז
האָט געטאָנ זיכ אַראָפּ
צו טשערעטענער נעסט,
איבער שוואַנ־מוטערס קאָפּ.

אונ דאָ שוינ, פאַר אָנפאַל,
שוינ אָט, באַם טשערעט,
דערזענ האָט זייַנ פעדער,
דערזענ אַבער

און טײַכל באַזאָרגט אים,
באַזאָרגט אים מיט אַלץ. —

מיט פיש און געוויקסן,
מיט וואַסער־אינזעקט,
און שוואַן האָט זײַן האַלדז
אָפט אין וואַסער געשטרעק

2

און אָט האָט געטראָפן,
איז איינמאָל געשען:
אַ שפּאַרבער די נעסט
פונעם שוואַן האָט דערזען.

פון דר'הייך און אין שוועב
האָט רויבער, דער כוואַט,
געקוקט און דערזען
און אַ טאָעס געהאַט...

צי מאַכמעס ס'איז טונקל
אין טײַכל פון פּאַרק,
צי שפּאַרבער געליטן
פון הונגער האָט שטאַרק,

און ס'האָט אים דער הונגער

שטענדיק האלב־טונקל,
ר גרינ־בלאסע שײַנ
רכ קרוינעג פונ ביימער
היג שלאָגט ארײַנ.

ט דאָרט פלעג ער שווימענ
מיטלעכ אונ שטרענג,
ונ מעסטנ דאָס טײַכל
ינ דער ברייט אונ דער לענג,

ײַל דאָרט, אפ א אינדזל,
ווישנ הויכנ טשערעט,
שוואַנ־מוטער זיצט דאָרט,
פרי, אזוי שפעט.

זיצט דאָרט שוינ וואָכנ,
אטאָג אונ באנאכט,
ונ זיבנ, אכט אייער
ס יונג וז ג זי וואו ט.

ינ דאָרט הען ער שווינ‌ענ
ינ שטרענגנ געמי
פ וואכ, אונ באשטענדיק
נעסט האָט געהיט.

שטאָלצער, א שיינער,



# א מײַסע מיט א ע
# אונא שפּארבע

1

מיר האָבנ געהערט
אונ צו אונדז איז דערגאנ
א מײַסע מיט אײנעמ
א שניי־ווײַסנ שוואנ.

געלעבּט האָט אינ טײַכל
פונ אײנעמ א פּארק
מיט לינדנ־אלייענ,

קוים האָבנ ביידע
ביינער פארטראָגנ.

ר וואָלפ מיטנ פוקס
ענ קוים שוינ אנטלאָפנ,
מער שוינ נישט קיינמאָל
וועג זיכ געטראָפנ.

עפשער אויכ יאָ וועג,
נאָר אפ דערציילנ,
זוי פונ די קלעפ זיכ
אָג האָבנ היילנ.

קלעפ, וואָס אינ דאָרפ דאנ
האָט זיי געגעבנ,
וואָס איכ האָב געפוילט זיכ,
זיי ניט באשריבנ.



ון אויגן זיי ברענען
און דורשטן צו רויבן.

און וויינען און וואָיען:
ס'איז רויב ניט געלונגען,
און מוזן אין דערפער
איצט בעטלען און זינגען.

און אוילעם געכאפט זיך,
און באלד האָט פארשטאנע
דאָס מיטל פאר רויבער,
וואָס שטענדיק פאראנען.

און אוילעם געפאקט האָט,
וואָס אין האנט איז געקומע
און די בעטלער, די זינגער,
צו דעקן גענומען.

דאָס פוקסל, דאָס יינגל,
און וואָלף דעם האלב־בלינד
די ביינער צו ברעכן
און הויט פון זיי שינדן.

. . . . . . . . . . . . . . .

און וואָס ווייטער געשען,

נ אָט זײַנען בײדע
ויס שוינ מיט קוילעס,
ט ווילדסטע געהוילנ—
א שרעק אונ א גרויל איז!

גאָרניט פונ מענטשנ,
נ זינגענ קײנ סימענ,
ר ביטער־געוואָיענ
נ כײַעשע שטימענ.

ט אוילעמ דערהערט
נ האָט שטארק זיכ דערשראָקנ,
גלײַכ בא א סרײפע,
נ ס׳רופנ די גלאָקנ.

געטאָנ זיכ א וואָרפ,
א זײַט אָפגעלאָפנ,
ער גלײַכ זיכ געשטויסנ
גלײַכ אויכ געטראָפנ:

יז כײַעס פארשטעלטע,
פרעמדע, איינ קלײדער,
ס׳טראָגנ די בעטלער,
לירניקעס קעסײדער.

אָט זײַנענ קעפ זײ,
מאָרדעס פארהויבנ,

נאָר אָט האָבנ בעטלער
צו בעטלענ גענומענ,
און אוילעם פונ דאָרפ
איז אינ רעדל געקומענ.

און וואָלפ האָט גענומענ
צומ שפּילנ זיכ גרייטנ,
אפ דר׳ערד זיכ צו זעצנ,
א פאָלע פארשפּרייטנ

און פּרוּווּנ די לירע,
די סטרונעס מיט קאָרבע,
און שטיל צו פארוקנ
אפ זײַט אויכ זײַנ טאָרבע.

און פוקס איז געשטאַנענ,
ווי טאָמעד דאָס ייִנגל,
פונ בעטלער דער העלפער
אימ העלפנ אינ זינגענ.

אימ אונטערצוהאַלטנ,
א טאָנ אימ דערלאַנגענ
אינ נייטיקע ערטער
פונ בעטל־געזאַנגענ.

צי קוקט מען ניט קיינער,
צי מ׳קאָן זיך ניט שטויסן,
אז כיַיעס זיי זיַינען,
פאַרשטעלט נאָר פונדרויסן.

נאָר ניין, קיינער קוקט ניט,
ס׳איז גאָרניט געשען,
דאָס דאָרף האָט צוויי בעטלער
פאַר זיך נאָר דערזען.

געוויינלעך, ווי אלע,
מיט קעפּ אָנגעבויגן,
און שטיל און דערשלאָגן,
צו דר׳ערד זיי די אויגן.

איז ווער־זשע זאָל וויסן,
און ווער זאָל דערקענען,
אז אונטער די היטלען
די אויגן זיי ברענען?

אז אונטער די קליידער
פאַרשטעלט זיַינען כיַיעס?—
ס׳האָט קיינער געהערט
פון אונזש נאר ווייטס

אפ װעג צו א דערפל,
אפ שליאך אפ א שטילנ,
װו װײַט נאָר סע הערט זיך
א הונט ערגעצ בילנ.

אונ באלד שוינ זיך זעענ
אויך שטיבלעך װי שװאָמענ
מיט דרעננגלשע פארקנס
אונ צװײַגלשע צאָמענ.

אהינ זיי זיך לאָזנ,
אהינ זיי זיך צילנ —
צוויי בעטלערס פארשטעלטע
צו זינגענ אונ שפּילנ.

3

אונ אָט זײַנענ דאָ שוינ,
אהינ שוינ געקומענ,
אונ איבער די הויפנ
האָבנ גייענ גענומענ.

פארשטעלט אונ פארטײַעט
פאמעלעך זיך רוקנ,
אונ אפ אלע פיר זײַטנ

ט טאָרבע אפ אײנ זײַט,
פּ צווײַטער — די לירע,
נ פּוקס איז זײַנ ײַנגל,
נ וועג איז זײַנ פירער.

. . . . . . . . . . . . . . . .

יר קאָנענ ניט וויסנ,
יר קאָנענ ניט זאָגנ,
י וואָלפּ צו די קלײדער
ר האָט זיכ דערשלאָגנ.

י האָט ער געקויפּט זיי,
פּ מארק זיי געקריגנ,
י גאָר בא א בעטלער
פּ באָרג זיי געליגנ.

י עפּשער גאָר האָט ער
בעטלער דערוואָרגנ,
נ קויפּנ פארשפּאָרט שוינ,
ארשפּאָרט שוינ צו באָרגנ, —

ווי צי אזוי,
ר אָט שוינ, מיר זעענ
מ וואָלפּ א פארשטעלטנ

ז'ו דארפסט נאָר א טאָרבע
און א בעטלערשע לירע,
און איך וועל דיר העלפן,
כ'וועל זײַן דיר דײַן פירער.

און איך וועל דיך פירן,
דעם וועג וועל דיר ווײַזן —
די דערפער, די הויפן,
וואָס וועלן אונדז שפּײַזן.

און מיר וועלן זאט זײַן,
פון הונגער ניט קלערן,
דו דארפסט מיך נאָר פאָלגן,
מײַן אײַצע נאָר הערן.

2

האָט וואָלף דאן געפאָלגט
ווי ס'האָט פוקס אים געראָטן
און גלײַך האָט דעם וועג ער
פון בעטלער באטראָטן.

און אָט שוין, מיר זעען
דעם וואָלף אין די קליידער,
ווי ס'טראָגן די בעטלער,

אָט פוקס דעמלט עפּעס
אָר פלוצעם דערזעענ:

אמ וואָלפ איז אנ אויג איינס
ארהײַטלט, פארצויגנ,
ערפאר האלט דעמ קאָפּ ער
דר׳ערד אָנגעבויגנ.

נ קוקנ קוקט קאָסע
נ זעט אויס דערשלאָגנ, —
אָט פוקס צו דעמ וואָלפ דאנ
ווי געטאָנ זאָגנ:

אומזיסט לײַדסטו הונגער,
קאָנסט דאָכ פארדינענ
נ לעבנ א לעבנ,
נ שיינ זיכ פארגינענ.

האָסט דאָכ א גרייטע,
גוטע פארנאָסע:
פּ איינ אויג א בלינדער,
נ קוקנ קו זסט קאָסע.

נ קאָפּ דיר געבויגנ,
גראָבנ דער שטערנ,
ז קאָנסט דאָכ א בעטלער,

האָבן זיי זיך באַגעגנט
און געשטעלט זיך באַקוקן,
און פאַרזיכטיק, שטיל —
זיך נעענטער רוקן.

און איינס האָט דעם צווייטן
גענומען באַשמעקן,
פונפאָרנט — די קעפּ זיך,
פונהינטן — די עקן.

ווי שטיל און אָן ווערטער
געוואָלט זיך דערוויסן,
צי האָט עמעץ ניט ערגעץ
באַהאַלטן אַ ביסן.

אַ ברעקל, אַ שטיקל
פון פלייש, צי פון ביינער, —
האָט גאָרניט געפונען
בײַ קיינעם דאָך קיינער.

קיין שטיקל, קיין ברעקל,
קיין ברויזל, קיין סימען, —
האָבן ביידע זיך דעמלט
צעגייען גענומען.

האָבן ביידע זיך שטילע
געזאָלט שוין צעגייען,



# טע מיט א וואָלפ אונ א פוקס



1

אמאָל איז געוועזנ,
איז אמאָל זיכ פארלאָפנ:
א פוקס מיט א וואָלפ האָט
אינ וועג זיכ געטראָפנ.

---

דער וואָלפ האָט דרײַ טעג שוינ
פונ הונגער געליטנ,
אויכ פוקס ניט געגעסנ
דעם טאָג האָט דעם דריטנ.

רעדאקטאָר — ש. קאָזינסקי.
טעכנישער רעדאקטאָר—ג. פריצקער.
קאָרעקטאָר — ס. שעכטמאנ.

---

פאפיר 72×94 $1/_{16}$ — 3 דרוק־בויגנ. 1,5 זיסקאַנט־אַוטאָר־בויגנס. טיראַזש 50
פארלאג 226. 9־טע פאָליגראפ. פאבריק, קיִעוו, רויטער פלאצ 2a. באשט
באפולמ. פונ הויפטליט נומ. 4117. אָפגעגעבנ אינ זאצ 14/VII — 1939, א
צומ דרוק 16/IX — 1939 י.


דער ניסטער
זעקס
מײסעלעכ
אילוסטרירט פון קינסטלער
מ. פראדקינ׳

